אָנווערען דאָס זיכערע. זאָגאַר אין די קליינע אויסנאהמען שטעהט ער מיט איין פֿוס אין שטאָדט און מיט דער צווייטער אין דאָרף.

איידער מיר וועלען זיך נענויער צוקוקען צו דער לאגע פֿון דעם אַרבייטער בכלל און דעם יודישען בפרט, מוזען מיר חאָטש קורץ ערקלערען די הויפּטאורזאכען, צוליעב וועלכע אין גאליציען איז קיין אינדוסטריע נישט דאָ. זיי זענען פֿון צווייערליי אַרט. ביידע זענען פֿערפֿארבט פּאָליטיש, האָבען אָבער אַ טיעפֿען עקאָנאָמישען גרונד. די ערשטע איז: די אבהענגינקייט גאליציענס פֿון עסטרייך. נישט איבעראל נעהט פּאָליטישע אבהענגינקייט האַנד ביי האנד מיט דער לאנדס אָרימקייט. עס זענען דאָ לענדער, וואס האבען זיך ערשט דאן ענטוויקעלט עקאָנאָמיש, ווען זיי האָבען אויפֿגעהערט צו לעבען פּאליטיש. דער בעסטער בעווייז קען אונז דיענען די טהייל פּוילען, וואס ליגט אונטער רוסלאַנד. אין גאליציען אָבער איז דער עקאָנאָמישער ניעדערשטאַנד זייטליך אבהענגיג פֿון דער פּאָליטישער. גאַליציען איז בערינגעלט מיט לענדער, וואס האָבען זעהר אַ הויכע אינדוסטריע, זיי זענען בעוואָפֿענט מיט אלע נייעסטע כלים און שטעהן גרייט צו דער קאָנקורענץ, נעגען וועלכע גאליציען איז אָהנמעכטיג, זי ווערט דעריבער פֿערגאָססען מיט זייערע סחורות, וועלכע קאָסטען וועלוועלער ווי ביי איהר אין לאַנד. דער האנדעל, די אינדוסטריע קומט אום נאָך אין ווינעלע. נאָך מעהר, וויל גאליציען ליגט אויפֿן גרעניץ, דורך וועלכע סחורות נעהן קיין רוססלאַנד. אין יעדעס לאַנד, האָט די רעגירונג געשיצט דען האנדעל ווי נור ער איז אויפֿגעקומען אין טהייל נאָך יעצט, נישט צו נעלאָזען אז פֿרעמדע סחורות זאלען קענען קאנקורירען מיט די היימישע, מיט דער צייט האָט זיך דער האנדעל ענטוויקעלט, אז ער האָט שוין געקאנט אליין בעשטעהן זיין שטעדטיל. אין גאליציען אָבער, האָט די רעגירונג דאַן, ווי געוועהנליך אַ פֿרעמדע, נישט נור נישט געשטיטצט נאָר זאָגאר געשטערט, געבונדען איהם און נעוואָרפֿען אונטער די פֿיס פֿון שטארקערן. דער סיסטעם האט ארויסגעגעבען פּרוכט: גאליציען איז געבליעבען אַ ערדאַרבייטערלאַנד. נור וואָלט זי חאָטש בעארבייטען ערד ווי עס בעדארף צו זיין, וואלט קיין בייז נישט זיין. די שווייץ איז אויך אַ ערדאַרבייטערלאַנד און דאָך האָט זי נישט וואָס מתרעם צו זיין. גאליציען האָט ערד גענוג, די ערד איז זייער פֿרוכטיג, זי קאָן גאַנץ גוט שפּייזען פֿיעל מעהר מענשען, ווי זי האָט יעצט. נור דאָ טרעט ארויס די גרויסע אורזאכע, וועלכע איז מיט דער ערשטער שטייף געבונדען, זאָגאר אבהענגיג, דאָך מוז זי פֿערנעהמען אַ בעזונדער פּלאַטץ. דאָס איז די אדעל רעגירונג.

עס איז נישט דאָ נאָך אַ אָרט, וואו די אַדעליגע מיט די גייסטליכע זאלען אזוי רעגירען ווי אין גאליציען. דאָ איז נאָך אלעס ווי אין מיטעלאלטער. די נייע ערפֿינדונגען און ליכט, פֿון דער קולטורזון דיענען זיי נור אלס מיטעל צו זוכען די אונרוהיגע און פֿערניכטען זייער אַרבייט. דאָס מעהרסטענטהייל ערד געהער צו זיי. קלויסטערס איז דאָ מעהר ווי אין רוים אין די פֿרומע צייטען, אלע בעסערע שטעלען זענען אין ,,יערע הענד. עס זענען דאָ מאגנאטען וואס האָבען א פֿינפֿטעל, אדער אַ זעכסטעל טהייל לאַנד.

דער אַדעל לאָזט נישט צו. דער האנדעל זאָל זיך אין לאַנד ענטוויקלען. ער ווייסט דאָס מיט דער צייט וואלט אויפֿקימען א בירגער קלאַסע, וועלכע וואלט זיך דערמאנען אום רעכט און וואלט זי נעמוזט קריעגען. אָבער עס איז דאָ נאָך אַ גרעסערע אורזאַכע פֿאַר וואָס דער רעגירענדע אַדעל האָט מורא פֿיר דער אינדוסטריע מיטן האנדעל. ווי איבעראל איז אויך אין גאליציען די פּריצישע בעל הבית'שאַפֿט זעהר אַ שלעכטע. זיי לעבען, אָדער זייערע פֿאטערס האָבען געלעבט איבערן פֿארמעגען, וויפֿיעל איינער האָט — בעדארף ער אליץ מעהר. די גרויסע מאגנאטען ליעגען אין אויסלאנד, פֿערשפּיעלען מיליאָנען אין קאָרטען האָבען קיין מאָל דעריבער קיין גרייט געלד, וועלכעס אַ גוטגעפֿיהרטע ווירטהשאַפֿט מוז האָבען. דערצו זענען זיי פֿויל, נישט פֿעהיג צו קיין שווערערע אַרבייט.

די מעהרסטע טהייל פֿיהרט אלזא זייער ווירטהשאַפֿט אָהן געלד, אָן די נייערפֿונדענע מאשינען און ז. וו. זיי זייגען די ערד און נאָך מעהר דען אַרבייטער, וואָס קאָסט זעהר וואָלוויל. זייער גאנצע עקזיסטענץ העננט נור אן דעם. דער אַרבייטער קאסט דאָ אזוי וואָלוויל, דאָס מען דארף נאָר וועניג קאפּיטאל אין דער ווירטהשאַפֿט אריין לייגען, מען זאל שוין האָבען פֿערדינסט. אזא וואלוועלען אַרבייטער קען מען האָבען נור דאָרט ווי עס איז קיין אינדוסטריע נישט דאָ, אָדער וואו זי שטעהט אויף זייער אַ ניעדריגען שטאַנד. מיר זעהן דעריבער דאָס אין מערב גאליציען, וואו עס איז דאַ עטוואס פֿאבריקען צאהלט מען דעם בויער פֿיעל מעהר ווי אין מזרח גאליציען, וואו עס איז פֿאָסט גאָר נישט דאָ. ווען דער האנדעל זאָל זיך ענטוויקלען וואלט דער אָרימער, פּראַטאליזירטער בויער קריעגען ארבייט אין פֿאַבריק. דער פּריץ וואָלט מוזען באַנקראָטירען, ווי עס האָבען באנקראטירט זיינע ברידער אין אנדערע לענדער ביי די זעלבע בעדינגונגען.

ווי עס איז, גאַליציען איז ביז יעצט אַ ערדארבייטערלאַנד, אָדער בעסער אַ לאנד מיט א גרויסען פּראלעטאריאַט אָהן אינדוסטריע. א טהייל שטארבט פֿון הונגער, טיפֿוסען און ז. וו. נאך א גרעסערע טהייל עמיגרירען נאך פֿרעמדע לענדער. עס בלייבט אָבער גענוג אין לאנד.

דער קליינער האַנדעל, וועלכער עקסיסטירט איז כמעט אין גאַנצען אין די יודישע הענד. עס פֿערשטעהט זיך, אז די יודישע פֿאַבריקאַנטען געניסען אויך פֿון דעם וואָלוועלען אַרבייטער. אין אזאַ פֿאל קומט דעם אויסגעבויטעטען אַרבייטער אין קאָפּף, דאָס דער יוד דריקט איהם. דערביי פֿערשטעהט זיך דער בויער אויף ערד אַרבייטען און ווייסט, דאָס ער איז מעהר נישט ווערטה (וועגען דיא ווייטערע אורזאַכען האָט ער קיין בעגריף נישט) וועהרענד אין האַנדעל איז ער פֿרעמד, ער ווייס נאָר, אז די יודען האָבען פֿיעל געלד.

אויסער דעם, געדענקט ער דעם יודען פֿון דאָרף. איינע פֿון די גרעסטע פּריצישע פֿאַרדינסטען זענען קאָנצעסיאָנען רעכט. זיי געניסען דערפֿון זייער פֿיעל און שטעללען אויס אין יעדעס דאָרף איין, זאגאַר עטליכע שענקען. צום בעדייערען זענען דאס רוב שענקען אין יודישע האָנד.

און דער גאליציאַנער דלות וואַקסט און גיעבט אַרויס פֿרוכט. דער יודישער אַרבייטער פֿערדיענט איבעראַל ווייניגע- פֿאַרין קריסטליכען. די יודישע אַחדות, וועלכע איז שטענדיג אויף די ליפּען פֿון די אַנטיסימיטען ברענגט דער יודישער בורזשואזיע נוטע פֿרוכט: זי האָט אַ וואָלוועלען אַרבייטער. זאָגאַר אין זעלבען וואַרשטאַט וואו עס אַרבייטען יודען און קריסטען טרעפֿט מען אָפֿט, דאָס די קריסטען פֿערדיענען מעהר און אַרבייטען ווייניגער פֿיר די יודען. דער פֿאַר אַרבייטען די יודען ביי אייגענע. ווי עס איז בעוואוסט נוצען אָם מעהרסטען אויס אייגענע. די גרעסטע אויסניצונג איז ביז נישט לאַנג געוועזען פֿון די קינדער דורך די עלטערן. אַרבייטען ביים קריסט קען דער יודישער אַרבייטער נישט, אויב ער וויל נישט איבער רייסען מיט זעהר פֿיעל אַלטע און נייע מנהגים, אויב ער וויל נישט זיינע ברידער זאָלען איהם האַלטען פֿיר א אָבגעפֿאַלענם פּרי.

און די מנהגים אָדער דינים, רופֿט עס ווי איהר ווילט, זענען דאָ אין גאַליציען זעהר פֿיעל. אויב מיר ווילען זוכען אַ פֿערגלייך אום צו ערקלערען, ווי פֿיעל דער יוד ליידעט דורך זיי, מוזען מיר זיך אַראָבלאָזען גאַנץ ניעדריג ביז צום ניעדריגסטען שטאַפּעל בעשעפֿענישען — צו פֿליעגען. ווי די פֿליג ווען זי קריכט אַריין אין שפּינוועבס, וואָס מעהר זי וואַרפֿט זיך פֿערזינקט זי אַליץ מעהר. אַזוי איז דער היזיגער יוד פֿערזונקען אין די אבערגלויבעריי און די פֿערשיעדענע אזיאַטישע און פּראָסט ווילדע מנהגים. אויב ער רייסט זיך נישט אַרויס מיט אַמאָל ווערט ער פֿערלאָרען, מען זויגט אויס זיין בלוט און שכל און מען וואַרפֿט איהם אַוועק ווי אַ צובראָכענע כלי.

דער גאַליציאַנער יוד איז אין גלות, אָדער פֿאַר אַלעם — ביי דער גמרא מיט די מפורשים, ביי די דינים און מנהגים, וואָס בינדען איהם ווי אַ אָקס צו דער שחיטה. כל זמן ער וועט זיך נישט בעפֿרייען פֿון ד ע ם גלות איז קיין האָפֿנונג עס זאָל פֿון איהם עטוואָס ווערען. עס איז גענוג אָנצוקוקען אַ גאַליציאַנער יוד. מיט דער לאַנגער קאַפּאָטע שיך און זאָקליך דורך וועלכע

מען זעהט פּיס דינגע ווי שטעקליך, אויף'ן קאָפּף אַ פוטערנע שטריימיל סיי זומער סיי ווינטער, נאַטירליך מיט אַ יאַרמולקע, אויס וועלכע עס שטעקען צוויי פּאות לאַנגע ביזן בוזם, נישט געקאָמטע, עס איז גענוג אַ בליק טהון אויף דער בעשאַפעניש מיט די שפּיץ פינגער אין גאַרטיל, ווי עס רוקט זיך איבערן גאַס — עס זאָל דורך געהן אַ שוידער איבער אַלע איברים. אַ בעל פּחדן. דאָס ער האָט מורא פאַר זיין אייגענעם שאָטען. ווען מען בעטראַכט זיינ נאָהנטער ווי אַזוי, זיי פאָלגען דוד המלך ע"ה: התפינסו זה מזה, ד"ה זיי גריזען איינער די הויט פון צווייטען. קען מען אַ־יינפּאַלען און פערצווייפלונג, צו פון זיי קאָן עטוואָס ווערען — מען קען פערצווייפלען, ווען מיר וואָלטען נישט וויסען, דאָס אין זיי שטעקט אַ מאַכט, חאָטש אַ שלאָפענדע, וועלכע קען זיך אָבער אויפוועקען. דער ווייל קען אָבער קיין ריידע נישט זיין; דאָס אַזאַ יוד זאָל געהן אַרבייטען צום קריסט. ער בעהאַלט זיך אין אַ ווינקעל, דאַנקט גאָט, אַז קיינער זעהט איהם נישט אָן.

מען דאַרף צו געבען, אַז נישט נור די פינסטערניש שטערט דעם יודען געהן אַרבייטען ביים קריסט, וועלכער צאָהלט בעסער, פיעל, וואָלטען יאָ געגאַנגען, מען וועט זיי אָבער נישט צוגעהמען.

דער צו האָט דער יודישער אַרבייטער דאָ, ווי איבעראַל גרעסערע אויסגאַבען אַלס דער קריסט. איהם קאָסט אַלץ טהייערער, ער מוז האָבען כשר און דאָס הייסט צאָהל און צאָהל; זיין קינד מוז געהן אין חדר און נאָך אַזעלכע יודעשקייט, וואָס דאָס אַלץ קאָסט געלד, וועלכע דער יודישער אַרבייטער האָט זעהר ווייניג.

מ. ר.

---

# קריטיק.

## גהעטטאָ.

### דראַמא פון הערמאַן הייערמאַנס.

הערמאַן הייערמאַנס איז אין דעם מאָדערנען יודענטום קיין זעלטענע ערשיינונג נישט. אַלס אַ זוהן פון אַ פאָלק, וואָס איז געוועזן דורך גאַנצע דורות אונטערדריקט און געפּייניגט, מוז דער געבילדעטער און עהרליכער יוד האַסען פון'ם גאַנצען האַרצען אַ געזעלשאַפט, וואָס איז אויפגעבויט אויף שקר, אונגערעכטיגקייט און אונטערדריקונג. דיעזען האָס האָט הייער־מאַנס אַרויסגעשפּראָכען אין זיין דראַמא "די האָפפנונג". מיט דער "האָפפנונג" האָט זיך הייערמאַנס איינגעפיהרט אין די אייראָפּעאישע ליטעראַטור, און היינט געהערט ער צו די שריפטשטעללער, וואָס פערדיענט אויף יעדען פאַל אונזער אויפמערקזאַמקייט.

פערשטעהט זיך, אַז אַזאַ דיכטער ווי הייערמאַנס, וואָס קוקט אַזוי טיעף אין דאָס סאָציאַלע לעבען, איז נישט בלינד אויף די סאָציאַלע, קולטורעלע און עטישע שטרעמונגען אין דער יודישער גאַס, אינ'ם גהעטטאָ, און וואָס ער האָט געזעהען דערצעהלט ער אונז אין זיינע ערצעהלונגען און דראַמען.

די אַרט, ווי הייערמאַנס קוקט אויף יודענטום און יודיש לעבען, איז זעהר אינטערעסאַנט און בעלעהרענד. הייערמאַנס, דער פאָרטשריטליכער האַסט דאָס יודענטום. דאָס יודענטום, איז ביי איהם די יודישע דאָגמאַטיק—די ד' אמות של הלכה. דער אייראָפּעער הייערמאַנס האַסט עס, דאָס איז נישט קולטורעל, דאָס איז ריקשריטליך. אין אונזער לעבען זעהט ער נור האַנדעל, וואָכער, שווינדעל. אונזערע אידעאַלען—דאָס ענגהערציגע אונדולדזאַמע בענעמען פון רעליגיאָן און מאָראַל, מיט איין וואָרט — דאָס גהעטטאָ.

שטענדיג דאָס זעלבע פּראָבלעם: די מישעהע *). דאָ גערעט עס אָבער הייערמאַנס ווי בלעם'ן, עליו השלום. ער קומט רעדען פאַר די מישעהע און זיינע ביכער זענען די בעסטע מיטעל געגען דער מישעהען. והא ראיה: יודענשטרייך. איך האָב שיער חשק הייערמאַנס צוצורופען: רבי איהר זענט אייך סותר! דאַצו האָט ער אָבער אַלס דיכטער זיי רעכט.

אַלזאָ גהעטטאָ. דער אינהאַלט פון דער שטיק לאָזט זיך קורץ דערצעהלען. די האַנדלונג זעהר קאַרג. זאַכעל, אַ בלינדער, אַלטער יוד, וואָס האָט זיין גאַנץ לעבען לאַנג גאָר נישט געטהון נור געהאַנדעלט — דאָס הייסט ביי הייערמאַנס, געשווינדעלט — און געלד צונויפגעלייגט, וואָלט זיך שוין גערען אָבגעריהט און די מלוכה דעם איינציגען זוהן איבער־געבען. ער זאָגט דאָס אַפילו נישט אַזוי דייטליך, וואָרים ווי אַלט ער איז האָט ער דאָך מורא פאַר דעם געדאַנק פון שטאַרבען. אָבער ער וואָלט דאָך גערן עפּיס לייטיש אויס זיין זוהן געמאַכט. ער, דער אַלטוואַרג־סוחר האָט זיין זוהן געלאָזט לערנען שפּראַכען און אַלעס מעגליכע, און היינט, איז דער זוהן נאָך זיין מיינונג אַ פוילענצער, טויג נישט צום געשעפט, און וואַלגערט זיך ערגיץ אַרום גאַנצע טעג. מען וויל דעם בחור חתונה מאַכען. רבקה, אהרן דעם סוחר'ס טאָכטער איז אַ שיין מיידעל, אַ קלוג מיידעל. אַ בריאָה נפלאָה. די סצענע ווי אַהרן קומט צו זאַכעל אַ געשעפטיל מאַכען און ווי מען רעדט דערווייל אגב אורחה איבער דעם שידוך, ווי מען דינגט זיך איבער די לעבעדיגע און איבער די טויטע סחורה איז שעהן און לעבענסגעטריי אין איהרער גאַנצען גרויזאַמקייט. ביידע סוחרים קענען זיך נישט אויסגלייכען, און מען לייגט אָב ביידע געשעפטען אויף איבערמאָ־גען. פון דעם געשעפט, דאָס הייסט פון דעם שידוך מיט אהרן'ס טאָכטער, וויל רפאל — אַזוי הייסט דער העלד — גאָר נישט וויסען. ער האָט זיך שוין זיין זוג אויסגעזוכט, דאָס איז ראָזע, דאָס דיענסטמיידעל ביי זיין פאָטער. איהר פרענט פאַר וואָס ראָזע? ראָזע איז אַ כריסטין — דאָס גענוגט שוין פאַר הייערמאַנס, אַז אַ יודישער בחור וואָס שטרעבט נאָך פאָרטשריט און פרייהייט זאָל זיך אין איהר פערליעבען. ראָזע איז איין עהרליך מיידעל. קיין אַנדערע מעלות קען אַפילו דער פערפאַסער אין איהר נישט ענטדעקען. מן הסתם איז זי אויך שעהן — אָבער דאָס איז שוין רפאַל'ס אַנגעלעגנהייט. רפאַל דערצעהלט דעם פאָטער, אַז ער וויל אַוועק פון איהם, ווייט אַוועק. פון אַחתן ווערען מיט רבקה וויל ער גאָר נישט הערען. מען שיקט נאָכ'ן ראַבינער העזר. לאַנגע און ברייטע טענות איבער יודענטום און יודישקייט, איבער תורה און פירוש. אָבער רפאַל לאָזט זיך נישט איבער רעדען, און צום סוף, ווען זייער וכוח זירט שוין און קאָכט. קען זיך אויך דער אַלטער זאַכעל נישט מעהר איינהאַלטען און ער פרעגט מיט כעס, וואָס איז צווישען רפאַל און דעם כריסטליכען דיענסטמיידעל. ער, דער בלינדער, זעהט בעסער פון די זעהענדיגע, ער האָט שוין לאַנג דערטאַפּט, אַז צווישען זיין זוהן און דעם דיענסטמיידעל געהט עפּיס פאָר. און רפאַל קען שוין נישט און וויל נישט ווייטער לייקענען. ער איז מ'דה, דאָס מיידעל, דאָס כריסטליכע דיענסטמיידעל איז זיין ווייב. דער רעסט איז... טהעאַטער.

ראָזע איז ביי דער סצענע צווישען רפאַל און דעם רב העיער נישט געוועזן און ווען זי קומט אַהיים זוכט מען זי צו בעשווינדלען און בעטריגען. אסתר, זאַכעלס, אַ שוועסטער און אהרן טהיילען זיך אין דער אַרבייט. מען זאָגט איהר, אַז רפאָל דאָט זי גאָר נישט ליעב, אַז ער וויל חתונה האָבען מיט רבקה'ן — און דאַן — פערשיעדענע אמונה, דאָס פּאַסט נישט צוזאַממען. מען וויל זי אָבקויפען זי זאָל אָבלאָזען פון דעם געשעפט מיט שמער־צנעלד.

ראָזע האָט ליעב רפאַל'ן און וויל נישט גלויבען, אַז ער האָט זי פערלאָזט, זי פרעגט זאַכעל'ן. שווערט, זאָגט זי, ביי דער מזוזה אַז ער איז אַוועק פון מיר און איך וועל מיך באַלד וואַרפען אין וואַססער אַריין. ער וועט דאָך ניט פאַלש שווערען, מיינט זי. און זאַכעל שווערט. שווערט פאַלש ביי דער מזוזה...

ראָזע וואַרפט זיך אין וואַסער אַריין.

בעטראַכט מען הייערמאַנס — מענשען אַ יעדען בעזונדער קען מען פון זיך נישט אָבוועהרען דאָס געפיהל פון בעדריקונג און בעשעמונג. דאָס גהעטאָ בעשטעהט פיר הייערמאַנס פון אַ מאַסע פון פערוואָרפענע מענשען, פון מאָראַלישע קרומקייט ביי וועלכע מען ווייסט נישט רעכט, צי זייער שלעכטקייט, צי זייער בלינדקייט איז גרעסער. דאַרין איז הייערמאַנס אַ עכטער יוד. די זעלבסט קריטיק, דיעזע מערקווירדיגע איינענשאַפט

---

*) דאָס חתונה האָבען אַ יוד מיט אַ קריסט.

פון'ם יודישען קאראקטער איז ביי הייערמאנס ביז צו קראנקהייט געשטייגערט.

למשל זאבעל. זאבעל איז א מענש אהן יעדע מענשליכער רעגונג, ער לעבט נור פאר'ן געשעפט, פאר'ן געלד. פאר'ן געלד וועגען האט ער געשווינדעלט זיין גאנץ לעבען־לאנג. ראבט זיך־שיין געגוע — ניין, זאגט הייערמאנס, ער מוז נאך פאלש שווערען ביי דער מזוזה. דאס מוז מען אבער הייערמאנסען מוחל זיין, ווארום, אז זאבעל וועט ניט פאלש שווערען, וועט זיך ראזע ניט ווארפען אין וואסער אריין — ווי־זשע וואלט דאן הייערמאנס גענומען א דריטען אקט ?..

און היינט דער „העלד" רפאל. דאס איז עפ'ס א מין מאדנע בריאה, קראנק, ענטארטעט. טייל מאל ערוועקט ער אפילו אונזער רחמנות, בפרט די סצענע, ווי ער וויל דעם פאטער געבען צו פערשטעהן פאר וואס ער וויל זיך פון איהם אבשיידען. זאבעל לאכט ביטער. „פיהלסט דו גאר ניט, ווען דו זעהסט מיינע אויגען" ? פרעגט ער. מיר הערען דאס קלאגען פון א טאטע', וואס האט זיין לעבען לאנג פאר דעם איינציגען קינד געארבייט און היינט וויל איהם דער בן־יחיד פערלאזען, ניט אכטענדיג אויף זיין בלינדקייט. און רפאל ? ניט אומזינסט האט ער געלערנט שפראכען, ניט אומזינסט די הויכע שולען בעזוכט. רפאל רעדט... רעדט... רעדט...

„דאס איז געווען א פרייטאג, זאגט ער צום פאטער...

„דו האסט דעמאלס געראד א פארטיי סחורה פערקויפט — איך געדענק שוין ניט וואס' די ארבייטער האבען אויפגעלאדען די באללען, איך זעה עס גלייך עס וואלט אצונד געווען פאר מיינע אויגען. דו ביסט געשטאנען ביי דער וואג... איך האב אויף דיר געקוקט מיט אזא ליעבע... מיט אזא רחמנות... דו האסט גערעדט אזא שטארקען גרויסען ווילען... איך האב צוגעזעהען, ווי דיינע פינגער האבען זיך ציטערנד איבער דעם פאפיער בעוועגט... אבער מיט איינמאל האב איך עפיס דערזעהען וואס האט מיך טיעף דערשראקען. מען האט געראדע אבאלל געוואגען, יאזעף, דער דיענער, און דער סוחר האבען זיך אראבגעבויגען צום געוויכט, און בשעת יעם האסט דו מיט דיין פוס די וואג בעטאפט און די וואג אראבגעדריקט. זיי האבען דיין פוס מיטגעוואגען. זיי האבען געהאט נאמנות צו דיינע בלינדע אויגען, און דו האסט געגנבה'ט.

„דו ביסט געווען א גנב!"

עס איז ווידער טראגיש ווען א זוהן ענטדעקט פעהלער אויף זיין אייגענעם פאטער. אבער מיר פרעגען, האט רפאל א רעכט דער פאר דעם אלטען, בלינדען טאטען צו פערלאזען ? דא מוז מען ענטפערן : ניין ! און אצונד הייבט שוין אן אונזער אנטיפאטיע צו רפאל'ן. ווארים אויך איהם איז יעדע עדלערע עמפפינדונג, יעדעס עדלערע געפיהל פרעמד. זיין גאנצער פארטשריט בעשטעהט אין דעם, וואס ער פערליעבט זיך אין כריסטליכען מיידעל. אבער איז דאס דען אזא גרויסע מעלה ? און ווען רפאל צום סוף פון דער שטיקע רופט אויס : „א, איך האב פליכטען, גרויסע פליכטען — פליכטען וואס זענין מיר אויפגעלעגט פון דעם גאט, וועלכען איהר קענט ניט און וועלכען די כריסטען קענען אויך ניט", מאכט דאס אויף אונז גאר קיין איינדרוק ניט, מיר גלויבען ניט אז דער שוואכער רפאל זאל קענען אזעלכע גרויסע חובות ערפילען. מיט איין ווארט : דער „העלד" רפאל איז גאר קיין העלד ניט. ער האט דאס בחברות מיט אלע די יונגע „העלדען" פון'ם גהעטא, וואס זיי אלע ענטלויפען, זיי מוזען אלע „אוועק". דער אמת'ר העלד ענטלויפט ניט...

„גהעטא" רופט הייערמאנס זיין דראמא, אבער ניט דער בלינדער, בעטריגערישער זאבעל, אויך ניט אהרן און ניט אסתר זענען די וואהרע פערטרעטער פון דעם גהעטא — אזעלכע מענשען געפינט איהר אויך, נור מיט אנדערע נעהמען, אויסער'ן גהעטא — דאס גהעטא איז פערקערפערט אין דעם „העלד", אין דעם אבטריניגען רפאל. פערשטעהט זיך אנ'אנדער גהעטא.

קראקא.      א. ל. שוםהיים.

---

# די יודען ביי סטעפאן זשעראמסקי.

עליזיע ארזשעשקא, ווי א ערבארימדיגע מאמע, מיט א ברייט הארץ, וואס ציהט אוים די הענד, צו בענשען קעפ און ארונטער צו נעמען הינטער איהר פליגלען „נעבעך'ס" — סיי זיי ווילען, סיי זיי ווילען ניט — האט אין דער לעצטער צייט ארויסגעגעבען א בוך, Z Jednego strumienia א זאמלונג, פון איינגע פוילישע שריפטשטעלער, פערשיעדענע בילדער פון יודישען לעבען.

יודען אין פוילען זענען א געוויסע קראפט. צו א מאטעריעליע צו א קולטורעלע, צי מיט אמת אדער מיט פאלש, אבער יעדען פאלס א קראפט וואס מען מוז זיך מיט איהר רעכענען, אז נישט וואלט דאך די פראגע אזוי די קעפ ניט געבראכען... נעמענדיג דאס בוך אין דער האנד אריין, וואס עליזיע ארזשעשקא האט ארויסגעגעבען — פערלאנגען מיר א תירוץ אויף די פראגע : אין וואס ליעגט די יודישע קראפט, וואס לאזט זיך ניט ברעכען ?

אבער וואס זעהען מיר ? דאס בוך איז א שמואל פון פערשיעדענע קאליקעס, ארימע, אבגעריסענע יודענעס. אידיאטישע יודען, לאמע, שטומע, בלינדע — לעבען אין נויט און דחקות. דאס איז די עטיק, איבערהויפט פון די יודישע אסימלאטארען. אנשטאט וואס זאלען געבען און פאדערן — בעטעלן זיי. דאס איז פינקט אזוי ווי דער בעל חוב וואס קומט דעם חוב מאנען, און דער מלוה מאכט א קרימע מינע : פאני לעבען, איך בין נאך קראנק, ארים, א שמאטע — ניט ווערט אויף מיר זיך ארום צו קוקען...

איך וויל אבער רעדען פון זשעראמסקי'ן.

זשעראמסקי האט ניט קיין שום פראטענזיע צו קענען דאס יודישע לעבען און צו שרייבען פון איהם. — זשעראמסקי, וואס קוקט מיט די אויגען פון א קינד, פיהלט ווי א קינד — און ליידט ווי א נביא — ליעבט אלעס, וואס ליידט און לעבט מיט איין גרויסען אמת.

דער וואס לעבט אין פוילען — און שרייבט פון פוילנישען לעבען מוז, ווען עס איז נישט מיט א טענדענץ, ווי ביי איינגע, האבען א געוויסע משא ומתן מיט'ן יודישען לעבען. ווארום שרייבענדיג פון וואלד מוז איך בעשרייבען דעם בוים, וואס שטעהט מיט מיר אין שכנות. דער יוד ווייזט זיך ניט אויף די פאלנישע פעלדער דורך־געהענדיג. ער וואהנט דא, האט זיין שוהל און זיין בית־הקברות...

ביי זשעראמסקי'ן געפינט מען איין טיפ. א יוד וואס אקערט די ערד.

איך געדענק, טרעפענדיג זיך אמאל, ניט לאנג, מיט'ן פערשטארבענעם סעקרעטאר פון דער ווארשווער קהלה, גרויסגליק וואס איז געשטארבען מיט דער האפענונג, מארגען וועט זיך פאר זיין פענסטער א יוד מיט א גוי צו קושען — האט מיר זיין ענטציקונג אויסגעשפראכען איבער דעם טיפ, וואס זשעראמסקי האט אריינגעפיהרט אין דער פאלנישער ליטעראטור, א יוד אנ'ערד־ארבייטער. דער „פאטשיווער" אסימלאטאר האט מיט אנ'אמת געגלויבט, אז ה' זשעראמסקי האט דירעקט מיט א טענדענץ אריינגעפיהרט דעם טיפ, כדי אויסצושטעכען די אויגען די אנטיסעמיטען — ביי זשעראמסקי'ן אבער איז דער לאמער אריש, (דער נאמען פון דעם העלד), „אויסגעוואקסען ווי א בוים" — „אזוי ווי די קוליע צו ארישען", אזוי איז אריש. אין גאנצען מיט זיין פיגור, גלייך געווען צו א בוים, צו א ווערבע, צו א שטאם מיט קרומע ווארצלען".

„ליבוש בעארבעט אליין די ערד ; צו דעם אקער שפאנט ער זיך אליין איין, אדער זיין ווייב... (בעשרייבט ה' זשעראמסקי. דעם איינענעם טיפ אויף אנ'אנדער ארט.) שלעכט אבער האבען זיי בעארבייט זייער נחלה, — דער האבער איז געווען ארעם. — דער פערזייטער ווייטץ האט קיינמאל זיין מאס ניט צוריק געגעבען, נור דער ערבארימדיגער קארטאפעל האט געקארמעט די פאמיליע, אונ ארישים פאמיליע איז גרוים געווען אהן עין הרע. אין דער קרימער חאטע, ביי וועלכער עס האט זיך ניט געפונען קיין שטאל, קיין שפייכלער קיין קאמער קיין פלאט, איז געשטאנען א קליין

שטיבעל, פול מיט קינדער. ווען עס זאל צו די קינדער צו קומען נאך איין קינד, אדער נאך איין קאזע — וואלט געוויס דאס הייזעל צופאלען אויף שטיקלעך.

דא ציהט א מענש זיין שווארצע חיונה, פון דער שווארצע ערד ארויס — כאטשערט זיך, און דא האט איהר נישט קיין חסד, קיין רחמים; דא זעהט איין מענש דעם צווייטען, דא פיהלט איין מענש דעם צווייטען, און ליידט, ווייל דער צווייטער ליידט. —

א שרעקליכע צייט איז געוועזן פאר אריש'ן, ערשט דענסמאל, ווען כמעט יעדער פון די בויערן, וואס איז נור געוועזן ביי די כוחות, איז געגאנגען אויף ארבייט אין אנאנדער לאנד, די הייזער האט מען פערמאכט, און איבערגעלאזט אויף גאט'ס חסד, אז עס וועט זיי קיין שום שלעכט'ס געשעהען, און דאס גאנצע פאלק האט זיך געלאזט אויף דער ארבייט. אריש (דא הייסט ער לייב) האט נישט געקענט פאהרען אין פרעמדען לאנד אויף ארבייט, וואר'ום ער האט ניט געקענט גוט זייען, און האט ניט פערמאגט „קיין גוטע כיחות". אליין איז ער איבערגעבליעבען אין ליידיגען דארף, און געשטארבען מיט ווייב און קינדער פאר הינגער...

די בעציהונג פון זשעראמסקי'ס אריש צום פרייץ איז ניט, ווי דעם „מה יפית" יוד, וואס ווילט דעם פרייץ מיט זיין בארד און פאות, ווי ארזשעשקא פלעגט מיט גרויס רחמנות בעשרייבען — זשעראמסקעס יוד — האט איין סוד מיט'ן פרייץ. דא טרעפען זיך צוויי מענשען, — צוויי ברומער, וואס זענען אויס געוואקסען אויף איין הויפען ערד, און נאגען חיונה פון איין זאפט, פערשטייהען זיך, און עס פיהלט איינער דעם צווייטען.

„דער פאן קאפיטאן — פערציילט זשעראמסקי מיט'ן יודי'ס לשון — ווען ער איז אנגעקומען מיט לייכטע טריט, האט ער ליעב געהאט א נידער צו זעטצען זיך אויף א שטיין און צו קוקען ווי אריש ארבייט. ער איז ניט דער פאר געקומען, אז ער זאל אריש'ען אבהיטען... דאס איז ניט אזא מענש, וואס קוקט דעם צווייטען נאך... אריש'ן דארף מען ניט אבהיטען. ער האט זיך א נידער געזעצט אויפ'ן שטיין, דעם קאפ, אויף די הענד אנגעלעהנט און געקוקט.

אבער פאר די קלינגסטע רייד שטעהט העכער אזא שטום קוקען. ווען א מענש קיקט אזוי אויפ'ן צווייטען מענש. — — —

איינגע מאל האט ער זיך אנגערופען ניט פון פערדינסט, ניט פון טרינקען און עסען, ניט פון דער, נאר פון יענער וועלט... אריש געדענקט ניט, קען ניט נאך פערציילען וואס דער פרייץ האט געזאגט פון יענע זאכען, פון סאמע גאט, אבער פון דער מינוט אן ווען ער טהוט אן דעם טלית און הייבט אן צו דאווינען — ווייס ער געוויס, אז ער זאגט דעם ריינעם אמת... דער פרייץ רעדט ניט ווי א גוי צו א יוד, אפילו ניט ווי א יוד צו יודען. אמאל איז דער פרייץ געקומען, לאנג האט ער שטיל געשוויגען און צום סוף האט ער געפרעגט אריש'ן פון יענעם לעבען, פון אייביגקייט, וואס איז ווען א מענש שטארבט... און דער נאך האט ער געזאגט אזעלכע הויכע ווערטער צו דעם ארימסטען יוד פון וואנאנקי, איז אריש האט ערשט דענסמאל פערשטאנען זיין חכמה...

דאס איז ניט דער פרייץ, וואס האט ליעב דעם יוד'ס „מה יפית" — דאס איז ניט דער געוועהנליכער סענטימענטאלער פאכטער, וואס די פאלנישע שריפטשטעלער האבען זיך אזוי פערליעבט אין איהם. דאס זענען צוויי מענשען פון צוויי פערשיעדענע וועלטען — אין איין מינוט טרעפען זיך די מענשען און פערשטעהען זיך, און ליידען בשותפות, ווי זיי וואלטען געהאט איין פערגאנגענהייט און איין צוקונפט...

דער יוד אריש איז איינער פון די איידעלסטע, טרויערנסטע ערשיינונג אין זיין עפאס „Popioły".

זשעראמסקי קוקט ניט אויף די יודישע ארימקייט מיט געוויסע אויגען פון ערבארימדיגען „איידעלעליכען מענשען" וואס קוקען אויף א קאליקע — און שאקלען זיך אב, ווארפענדיג איהם פון דער ווייטען א צווייער א נדבה, ניטוועלענדיג דערביי זיך די ריינע האנדשוה בעשמוצען. די יודישע ארימקייט ביי זשעראמסקי'ען טראגט ניט אויף זיך דעם ספיציעלען יודישען סטעמפעל, מיט וואס אונזערע בעלי־רחמנות פלעגען אונז התמהנהן — : „זעהט, ווי קראנק, ווי שוואך, ווי ארים, עס איז גישט ווערט דערויף זיך ארום צו קוקען". די יודישע ארימקייט ביי זשעראמסקי איז א ווייט טיעפערע, א ווייט ברייטערע — דאס איז א מענשליכע ארימקייט. זאל זי אליין רעדען פאר זיך.

אזוי בעשרייבט ער איינע פון די ארימסטע יודישע גאסען איןווארשע, די קראכמאלנע גאס, אין זיין בוך „מענשען אהן א היים":

„אייסמיידענדיג דעם גארטען אין דאס אייזערנע טהויער דורך שמאלע געסליך, צווישען קראמען, סטאנגען און געוועלבער איז ער אנגעקומען אויף דער קראכמאלנע. דער זונ'ס הייסע שטראהלען האבען בעגאסען דעם רינשטאק אין געשטאלט פון א גאס... ווי אמאל איז אויפ'ן טראטואר געזעסען א אלטע, קראנקע יודענע און האט פערקויפט ארבעס. — דא און דארט האבען זיך געדרעהט יודען מיט קעסליך זאדע וואסער. אין די הענד האבען זיי געטראגען גלעזער בעשמאדערט מיט „צאק". — איינע, פון די, וואס האבען זאדע וואסער ארום געטראגען, איז געשטאנען הינטער א וואנד, אבגעריסען ביז צום לייב, דאס פנים געל און טויט. זי האט זיך געבערענט אויף דער זון — ווארום מענשען, וואס זענען דארט ארום געגאנגען האבען מעהר געקענט דארשטיג זיין. אין די האנד האט זי געהאלטען צוויי פלעשער מיט פערשיעדען זיס־וואסער. — איהרע בלייכע ליפען האבען עפיס גערעדט, אפשר א ווארט, צו צורופען ווערמען צום טרינקען? טאמער האט זי גאט'ס נאמען ערמאנט, וואס טאר ניט דורך א שטערבעדיגען ווערען ערמאנט, און אפשר אין נויט און היץ, ווי א ווארם, האט זי געווארפען א קללה דער זון און דעם לעבען?"...

— — — — — — — — — — — — — — — —

... „דא האט זיך געוויזען א פאבריק פון פארוקען; בלייכע נעלע, האלב־געשטארבענע מיידלעך. אליין ניט אויפגעקעמטע, ניט אב געוואשענע, האבען געארבייט, צוקעמענדיג די מויטע האר... פי די הייזער, פון די טהירען, אפילו פון די אלטע דעכער בעדעקט מיט בלעך אדער ציגעל — וואו עס האט זיך נור א פענסטער'ל געוויזען, האבען זיך ארויס געבויגען קראנקע געזיכטער, דארע, לאנגע־נעזע און עס האבען געקוקט פערבלוטיגטע אויגען, בעגאסען מיט טרעהרען — אבער גלייכגילטיגע אויף אלעם אין ארימקייט. אויגען, וואס אין אייבינגען טרויער חלומ'ן פון טויט... ביי א געוויסען טויער האט אדם (דער העלד פון דער ערצעלונג) צוזאמען געשטויסען זיך מיט א קויפערין, וואס האט געטראגען צוויי גרויסע קויבער מיט גרינס. אין גאנצען איז זי געווען צי יאחמעט. דאס שייטעל פערוואפען ארונטער, ווי א הוט... די אויסגעזעצטע אויגען האבען געקוקט ערמידעט רוהיג, אהן לעבען, אזוי ווי זיי וואלטען געווען שאלען פון אייער... אין די אויסגעזעצטע אדערען אין שטערען און אין האלז האט דאס בלוט, דאכט זיך, הויך געקלאפט"...

אזוי בעשרייבט ה' זשעראמסקי די יודישע ארעמקייט.

ש. אש.

---

# א „פאראורטייל וועניגער".

---

אונטער דיזען טיטעל פערעפענטליכט דער בעקאנטער טהעארעטיקער פון דער מאדערנער נאציאנאל יודישער בעוועגונג, מ ת ת י ה ו א ח ר א זעהר אינטערעסאנטען ארטיקעל אין דעם וויענער „יודישען פאלקסבלאט".

פון זיינע אויספיהרונגען ווילען מיר דא מאנכע פאר אינזערע לעזער מיטטהיילען.

„עס איז די לעבענסאויפגאבע פון דעם נאציאנאליזם, שרייבט ה' אחר, זיך צו בעפרייען פון דער ראמאנטיק. דער יודישע נאציאנאליזם וועט מוזען מיט א טייל ליעבהאבערייען זיך זענעגען און אטייל אויפגאבען, פאר וועלכע ער פארוועדעט אצונד זעהר ווענינ מיה, אויף זיך נעהמען... איינע פון די ערשטע אויפגאבען איז, אהן א ספק, ארעוויזיע

פון די הערשענדע מיינונגען איבער די יודען אין די מורח־אייראפעאישע לענדער... עס קען גאר ניט גענוג ווידערהאלט ווערען, דאס די מורח־יודישע גרופען, און נור דוקא זיי אליין זענען די טרענער פון א זעלבסט־שטענדיגער יודישער קולטור. און אימער ווידער מוז מען דערין דערמאנען, דאס דיזע קולטור איז לעבענספאהיג און ווארצעלקרעפטיג, און עס פעהלט איהר ניט לייכטענדיגע ציגע אויף דעם וועג פון דער טראדיציע צו דער צוקונפט... לאנגזאם, אבער זיכער דרענגט זיך דורך דאס קול פון ביידע נאציאנאל שפראכען פון דעם מורח־יודישען פאלק, פון זיינע קינסטלערישע ווערק, פון זיין געזונדען ארגאניזאטארישען כח".

אחר שילדערט דאן ווי די יודען האבען אין אלע צייטען די אנטיסעמיטען שטילערהייט רעכט געגעבען...

„א יעדער שטות א יעדען שנעון, וואס אונזערע פיינד וואלטען ניט געוועהן אויסגעטראכט אויף יודען האבען מיר צו געגעבען. נור יעדער איינצעלנער האט אלל דאס בייז ארויפגעלייגט אויף זיין שכן, האלטענדיג זיך אליין פאר א „בעסערען מענש". און וואס יעדער איינצעלנער האט פראקטיצירט געגען זיין שכן, דאס זעלבע האט דאס מעריב אייראפעאישע יודענטהום, אלס כלל, געטהון געגען דעם גאנצען מזרח־אייראפעאישען יודענטום. אין די מורח־יודען האט דאס מעריב־יודענטום געזעהען נור וואבערניקעס, שווינדלער, פאנאטיקער, בטלנים און קבצנים. מען האט פערגעסען פאר דער אייגענער טהיר צו קעהרען, עס איז געוועזען לייכטער אויף די מורח־יודען זיך צו ברוגז'ן. דאס האט אבער די איראניע פון דער היסטאריע ניט געקענט פארטראגען. זי האט געמאכט אויס די מעריב־יודען א האנדעלס־פאלק, וועלכעס האט געראט צו וועניג בעלי מלאכות, כדי צו קענין איבערשפארען די אנטיסעמיטישע טענה'ס און צו געווינען פערטרויען ביי די פארטשריטליכע פארטייען.

„זי (די איראניע פון דער היסטאריע) האט געוואלט און האט געמוזט וועלען, דאס די מורח־יודען, וועלכע זענען ביז אצינד געוועזען פעראכטעט, פערשריגען אלס ליידינגעהער און בעטלער, זאלען, מיט זייער אימער מעהר אנוואכסענדען פראלעטאריאט, רעטען די ארבייטסעהרע פון דעם יודישען פאלק...

דער פאל איז געוועזען עפיס פריקרע און מען האט זיך ניט געקענט ענטשליעסען איהם בעגרייפען, מכל שכן איהם גלויבען. צום אנהויב איז געוועזען לייכט, דעם מוח, דאס הארץ און דאס מויל פערשליעסען — דער נייער אמת איז נאך נישט געוועזען איבערגעוועלטיגענד.

עס זענען אפילו געוועזען איבעראל אין גאליצען האנדווערקער פון פערשיעדענע ארט און נישט בלויס פון לייכטע מלאכות. עס זענען געווען דאכבעשלעגער, מויערער, טשעסלער, אויך בעלי עגלות. אבער זיי זענען ועלטען געקומען אין די מעריב־לענדער, בשעת די סוחרים, וועלכע מאכען צו ארמע לייט די רייכע האנדעלסהערען אין מעריב, די קבצנים זענען זעהר אפט געקומען. און דאן די בעלי מלכות וואס זענען געקומען אין די מעריב־לענדער האבען נישט געקענט קאנקורירען מיט די דארטיגע ארבייטער, ווייל זיי זענען נור געווען גאליציש אויסגעבילדעט. וויעדער די נישט געלערנטע אונטער די גאליצישע ארבייטער זענען געוועזען קערפערליך צו שוואך, כדי אלס טאגלויהנער צו טויגען. אבער וואס דער גאליצישער בעוויז האט נישט געקענט פועל'ן ביי דער איינגעשפארטע לאגיק פון די מעריב־יודען — דאס איז אצינד די רוסישע יודען געלונגען. די רוסישע יודען האבען אין מערב־אייראפא די גרעסטע איבערראשונג ארויס גערופען. די איבערראשונג איז געוועזען אזוי גרויס, אז מען דאט שוין נישט מעהר קיין צייט געהאט זי צו פערהעהלען: מייסטענס מעכטיגע, נאטירליך, שטארקע מענשען, בעשיידען, אבער אימער בעוואוסט, אהן א זייטענבליק צום האנדלען, מיט אויסגעשפראכענעם פראלעטארישען בעוואוסטזיין; אפענע, גאנצע יודען, נישט האבענדיג א ידיעה דערפון, אז מען האלט דא זייער יודישען מאמעלשון פאר פערדארבען דייטש; טיכטיגע בעלי־מלאכות, געזונדע, קרעפטיגע טאגלאהנער... דאס לאנגגעזוכטע מערכען־לאנד, וואו עס געפינען זיך יודען מיט אלע די מעלות, וועלכע די מעריב־יודען האבען ביז אהער געהאלטען פאר „אריש" און וועלכע זענין דאך אין אמת'ן נור די איינענשאפטען פון נאטירליכע און געזונדע מענשען — דאס לאנד איז ענטדעקט געווארען, עס איז נישט דארט, וואו דער יוד האט געלערנט אללעס אויסערליך נאכטהון, וואס די אייראפעאישע בורזשואזיע טהוט, ווי למשל אין דייטשלאנד. און אויך נישט דארט, וואו דער יוד רעטעט זיך פאר דער פעראכטונג פון בארבארישע שכנים דורך א ביסעל יחוס־געפיהל און ערא־ינע־ונג אן אמאליגער גרויסקייט, ווי למשל די שפאניאלען (ספרדים). דיזעס לאנד איז דארט, וואו עס איז א ניי געשלכט אויפגעשטאנען, שריט האלטענדיג מיט דער ענטוויקלונג פון דער מענשהייט, מיט א לעבעדיגען זעלבסטגעפיהל, — א געשלעכט פון אמת'ן אייראפעערטום און אמת'ן יודענטום".

---

# יודישע אבענדען.

(א בריעף פון וויען)

---

די לעצטע צייט, ווי עס איז בעוואוסט, האבען זיך פיעלע יודישע אינטעליגענטען פון מעריב אייראפע פעראינטערעסירט מיט דער יודישער ליטעראטור. מען האט דארט פיעל איבער איהר גערעדעט צווישען זיך, געהאלטען לאנגע רעדעס פיר גרויסע פובליקום, פיעל ארטיקלען געשריעבען און זאגאר פיעל איבערזעצט. די נעמען פון די יודישע שריפטשטעללער ווי פרץ. שלום־עליכם, אש, נאמבערג, פינסקי, רייזען, מאררים ראזענפעלד זענען געווארען אין בעוואוסטע אינטעללעגענטע קרייזען בעקאנט און זאגאר געשעצט. מיר האבען זיך אבער שטענדיג צו דעם בעצויגען, ניט ערנסט. זייער אכטונג, שעצונג און זאגאר די ליעבע צו דער יודישער ליטעראטור און שריפטשטעלער האט געשטאמט מעהר אויס נאציאנאליסטישען גרונד, אלס אויס איבערצייגונג, אז די יודישע ליטעראטור איז טאקי אין אמתן א ליטעראטור. מיר האבען געקענט אזוינע ליעבהאבער פון דער יודישער ליטעראטור, וואס האבען פרץ'ס נאמען צעהן מאל אין טאג איבער געחזרט, און אז מיר האבען זיי געפרעגט: וואס האט א יהר געלעזען פון פרץ'ן? האבען זיי זיך פערשעמט און זאיקעט, חאטש זיי קענען זעהר שארף ריידען. מיר זענען געוועזען שטענדיג איבערצייגט, אז די יודישע ליטעראטור, חאטש זי איז נאך פערהעלטניסמעסיג יונג און ניט ענטוויקעלט, ווי געהעריג, דאך, קען זי זיך פארשטעלען מיט איהר פולען אינהאלט און ניט נאר יוצא זיין דער מיט, וואס מען שעצט זי אויס פרינציפ.

די לעצטע צייט איז אונזער וואונש אביסעל מקיים געווארען, איינער פון די געבילדעטסטע אייראפעאישע יודען, ד"ר בירנבוים, אנ'ערנסטער פערעהרער פון דער יודישער ליטעראטור, איז געקומען צו דערזעלבער איבערצייגונג, וואס מיר האבען דא ארויס געזאגט, און דאט זיך גענומען ביסליכווייז צו בעקענען א זעהר ברייטעס יודישעס פובליקום אין מעריב אייראפע מיט דער יודישער ליטעראטור טאקי אויף אנ' אמת. צו דיזען צוועק האט ער געגרינדעט זאגענאנטע „יודישע אבענדען" וואס זייער ציעל איז פאר צו לעזען ערצעהלונגען און געדיכטע אינ'ם ארגינאל. די פראבע איז איהם געלונגען, דער ערשטער אבענד האט געהאט איין אונערווארטעטען ערפאלג. אין דעם גרויסען זאל צענטראל דאט זיך פערזאמעלט א פובליקום פון איינינע הונדערט מאן, מעהרסטע טהייל פון דער יודישער אינטעלעגענטער קלאס׳ אין יודישע סטודענטען אויס רוססלאנד און גאליציען, וואס פערשטעהען גוט ודיש האבען פאר געלעזען פון פ־ץ, שלום עליכם מאררים ראזענפעלער און רייזען. מיר איז אויסגעקומען פיעלע ליטערארישע אבענדען צו בעזוכען, מיר איז אויס געקומען פיעלע אפלאדיסמענטען אויף אזוינע אבענדען צו הערען; אבער אזא בעגייסטערונג און ענטציקונג, ווי עס האט געהערשט אויף דעם ערשטען יודישען אבענד אין וויען איז מיר קיינמאל ניט אויס געקומען בייצו־וואהנען. — און עס איז קיין וואונדער ניט. געוועזען בין איך שטענדיג אויף אבענדען, וואו פיר דאס יודישע פובליקום האט מען פארגעלעזען נור זאכען פון פרעמדע ליטעראטור, אודאי קען א יודישעס פובליקום, ווי זי זאל ניט זיין אינטערנאציאנאל געזאנגען, ניט פיהלען דאס װאהרע עסטעטישע פערגעניגען, הערענדיג קונסט זאכען אין א פרעמדער שפראך, אבנארען קען מען נאר די הענד. וואס פאטשען בראווע, אבער ניט דאס געפיהל.

דער ערפאלג וואס דער ערשטער אבענד דאט געבראכט, האט צוגעגעבען מוט דעם גרינדער ה' ד"ר בירנבוים און די איבריגע מיטגליעדער פון קאמיטעט צו גרינדען א צווייטען זאלכען אבענד, וועלכער האט געהאט דעם זעלבען ערפאלג ביי דאס זעלבע רייכבעזוכטע פובליקום.

אויף דעם צווייטען אבענד דאט מען פארגעלעזען! "דער בוים" פון אברהם רייזען, "אכעס פון א יודענע" פון י"ל פרץ, "דאס טעפעל" מאנאלאג פון שלום-עליכם, שטערען געדיכט פון א. רייזען, דערצו האט מען געזונגען איינינע פאלקס ליעדער און געדיכטע פון פרוג, גאמבערג, און ראזענפעלד צו וועלכע עס זענען פערפאסט מוזיק.

דער גרויסער נאטירליכער ערפאלג פון דיביידע יודישע אבענדען אין וויען, קענען די געגנער פון דער יודישער ליטעראטור און שפראך פיעל, זעהר פיעל לערנען.

עס איז אבער א ספק צו געגנער, וואס זייער געגנערייי שטאמט אם מערדסטען, אוים פערזעדנליכע גרונדען וועל'ן חשק האבען אזא לעקציאן אנצונעמען. געגנער ווייכען פון אמת...

א. וויענער.

---

# ביבליאגראפיע.

## די יודישע צוקונפט.

א חדש-זשורנאל פיר לעבען, ליטעראטור און וויסענשאפט רעד ד"ר ווארטסמאן

די יודישע צוקונפט פערשפרעכט (ערשטע העפט ז' 62) צו געהן „מיט איהר איינענעם זיכערן און פעסטען (?) וועג". פיר אונז ליעגען שוין פיער העפטען און מיר זעהען נאך ניט די זיכערקייט פון דעם וועג. געווענליך, קיין סכנות פיר דאס לעבען איז אין דעם וועג ניטא; מיר האבען מיט גרוים מאטערניש דורכגעלייענט אללע פיער העפטען און זענען נאט צו דאנקען לעבען געבליעבע: דער וועג איז אבער ניט זיכער פון דער גייסטיגער סכנה, וואס עס שטעקט אין איהם פיר דעם יודישען לעזער. אין דיזער הינזיכט איז דער וועג פול מיט דערנער, שטיינער און ערטערווייז מיט קויט. איהר דארפט וויסען, אז דער רעדאקטער געהט אלץ מיט זיין „איינענעם וועג" און דרוקט זאכען „ניט פון די גרויסע שרייבער, נאר פון „גאנץ יונגע, וועניג אדער גאר אונבעקאנטע ליטעראטען". און דריבער געפינט אין די דריי העפטען „די יודישע צוקונפט" אויך פלאץ אזא ערצעהלונג ווי „נחומ'ל און זיין ווייב" פון ד. ראשקאווסקי, וואס אפילו הנך וואלט זי פיר א קליינע מתנה פון מחבר אין זיין הנצנים ניט געדרוקט. אמת די צוויי סקיציען פון גאנץ אלטען און בעקאנטען שטיינבערג, זענען אויך ניט פיעל בעסער, זיי זענען אבער ניט אזוי לאנג און על כל פנים איין אלטען מוז מען דריקען. מיט דעם וועג געהען ביז אונז ב"ה אללע און אפילו ווארטסמאן, שאפענדיג איין נייעם וועג, קען זיך אבער פון דעם אלטען וועג אין גאנצען ניט בעפרייען.

אין אלגעמיין מאכט די יודישע צוקונפט זעהר א שלעכטען איינדרוק. מען פיהלט איבעראלל די ליטעראריש געשמאקלאזיגקייט פון רעדאקטער. די צוויי גלעצענדע ארטיקלען פון בעל מחשבות (ש. פרוג און ק' מיחאלאווסקי) און די שיינע סקיצע – „טינער" פון ל. שפירא, פערליהרען זיך אין די אונלאנישע, אונגראמאטיקאלישע, טרוקענע אגיטאציאנסארטיקלען, מיט וועלכע די פיער העפטען זענען פול.

„די יודישע צוקונפט" געהערט אבער צו אפארטיי, און דאס אין שוין גענוג, אז זי זאל קענען עקסעסטירען. פרק'ס „יודישע ביבלאטעק" האט זיך, ווי עס שיינט, פערמאכט, און ווארטסמאנ'ס „יודישע צוקונפט" האט שוין געעפענט איין אבאנאמענט אויף דאס צווייטע יאהר...

טרויעריג! בן-קלמן.

# ליטעראריש נייעס.

---

דען 21טען דעצעמבער האט מען געפייערט דעם 70 יעהריגען יובילעאים פון דעם בעריהמטען דראמאטישען ארטיסט, דער זייל פון וויענער „בורגטהעאטער", אראלף ריטטער פאן זאננענטהאל.

אדאלף זאננענטהאל איז געבוירען אם 1־טען דעצ. 1834 אין בודאפעסט ביי ארימע יודישע עלטערען, קרעמער. מיט זיין גרויסען טאלענט און ענערגיע, האט ער ערריכט זיין יעטצטיגע הויכע שטופע. אבוואהל די אלע וויענער צייטונגען, וועלכע האבען צו זיין יובעלעאום זיין אויספיהרליכע ביאגראפיע געשריעבען, האבען נאר זיין יודישקייט ניט דערמאנט, קענען מיר זאגען, אז דער בענאבטער ארטיסט איז א יודישער נאציאנאליסט. מיט צוויי יאהר צוריק האט ער דעקלאמירט מיט בעגייסטערונג אין דער וויענער פיעלהארמאניע א געדיכט פון מארריס ראזענפעלד „דער שטורים", און דער איינטראג איז געוועזען בעשטימט פאר די יודישע עמיגראנטען פון רומעניען.

---

לויט די פאלנישע צייטונגען אין קראקוי מעלדען, וועלען אין ניכען אויפגעפיהרט ווערען אויף דער ביהנע פון קראקויער שטאדטישען טעאטער אין פאלנישער איבערזעצונג די צוויי יודישע דראמען „צוריק געקומען" און „די עלטערע טאכטער" פון שלום אש.

---

אין די לעצטע העפטען פון דעם ענגלישען מאנאטשריפט „דאס נייינצעהנטע יאהר הונדערט און שפעטער" איז געוועזען געדריקט איין גרויסער ארטיקעל פון פריילין ה. פראנק, איבער דער יודישער ליטעראטור און איהרע שריפטשטעלער. אויספיהרליכער וועגען דיזען ארטיקעל און וועגען דער שריפטשטעלערין וועלען מיר שרייבען אין די קומענדע נומערן פון „דאס יודישע ווארט".

---

## קאטאלאג

פון דעם

### פערלאג „פראגרעס“, ווארשא.

1) ב. פיינענבוים. „שטיינער וואס פאלען פון הימעל“. אַפּאָפּולער־ע ערקלערונג וועגען מעטעאָריטען, שטערנשנופּען אין קאָמעטען . . . . . 10 ק׳.

2) פ. שטרייסלער. „קולטור־געשיכטע“, פאָפּולער בעארבייט דורך א. ברעסלער . . . . . . 25 „

3) וו. קאראלענקא. „דער בלינדער מוזיקאנט“ . . 35 „

4) ב. פיינענבוים. „דארוויניזמוס“, אדער דאַרווין דאָס געט־אָפּען . . . . . . . . 10 „

5) ל. טאלסטאי. „וועמענס גלויבען איז בעסער“? איבערזעצט פון ה. וויכנין . . . . . 5 „

6) אברהם רייזען. „צייט־לידער“ (מיט אפּא־וואַ־ט) 20 „

7) וו. גארשין. „די נעפּאלענע פּרוי“, איבערזעצט פון ה. וויכנין . . . . . . . . 10 „

8) א. ברעסלער. „יוסף פּערל“, זיין ביאָגראפיע, ליטעראַרישע און אלגעמיינע ארבייט . . . . . . 10 „

9) ש. ל. הורוויץ. „בנימין פראנקלין“, זיין לעבענס בעשרייבונג און די בעפרייאונג פון אמעריקא . . 20 „

10) ה. ט. באקל. „די געשיכטע פון דער ציוויליזאציאן אין ענגלאנד“, קורץ פאפּולאריזירט דורך א. ברעסלער . . . 20 „

11) נ. רובאקין. „ווי לעבען די חיות“? (בילדער פון טהיר לעבען) . . . . . . . . . 40 „

12) קורטשקין. „פסלא:צער־לעבען וועגען געוואַקסע“. 30 „

13) סיפּאווסקי. „סאקראטעס“, דער גריכישער פילאזאף. 20 „

14) וו. לינקעוויטש. „דונער און בליץ“, איבערזעצט פון א. ר. . . . . . . . . 15 „

15) א. באנדאנאוו. „עקאנאמישע לעהרע“. (פאָפּולער־עקאָנאָמיע) בעארבייטעט דורך א. ש. זאקס . . . 25 „

16) א. רייזען. „ערצעהלונגען און בילדער“ . . . 25 „

17) מ. גארקי. „חברים און דער לעזער“, איבערזעצט דורך ד״ר א. מאַקאָן . . . . . . . 15 „

18) א. יצחקי. „וואהין נעהען מיר“? . . . . 3 „

19) שלום אש. „אין א שלעכטער צייט“, (בילדער און ערצעהלונגען) . . . . . . . . 30 „

20) א. באנדאנאוו. „די שקלאפעריי“. (צווייטעס העפט פון די עקאנאמישע לעהרע) בעארבייטעט דורך א. ש. זאקס 15 „

21) נ. רובאקין. „די לעצטע ערפינדונגען“, בעארבייטעט דורך ה. וויכנין . . . . . . . 10 „

22) יאהר־בוך „פראגרעס“ זשורנאל פיר ליטעראטור וויסענשאפט און קריטיק ערשטער בוך, רעדאגירט דורך אברהם רייזען . . . . . . . 75 „

23) חי״ה זעלדעס. „ווינטער אבענדען“, פאפולער וויסענשאפטליכע געשפרעכען . . . . . . 25 „

24) קודריאווסקי. „אדם הראשונ׳ס דורות“, אדער די פאהר־היסטארישע צייט פון מענשען . . . . . . 25 „

25) א. יצחקי. „פ. סמאלענסקין“, זיין ביאגראפיע. 20 „

26) קאראבטשעווסקי. „ערצעהלונגען וועגען ווילדע מענשען“, איבערזעצט דורך א. ברעסלער . . . 10 „

27) יאנישעווסקי. „יוגענד לופט“, איבערזעצט דורך ד. פולס (ד. פינסקי) . . . . . . . 10 „

28) פאוולאוויטש. „ווי האבען מענשען געלעבט“? . 10 „

29) א. רייזען. „לידער פון לעבען“ . . . . . 30 „

אדרעססע פון פערלאג „פראגרעס“:

Я. Лидскій, Книжный магазинъ, Варшава, Налевки 32.

די אלע וואס אבאנירען דאס „יודישע ווארט“ אויף א האלב יאהר בעקומען די אלע ביכער פיר א העלפט פרייז.

Verautwortlicher Redacteur M. Fischer, Herausgeber A. Reisen. — Druck von Josef Fischer. Krakau.

# אין דאס יודישע ווארט

וועלען קומען אויך ארטיקלען מיט אזוינע פראבלעמען און פראגען, וואס אינטערעסירען און לאזען ניט רוהען דעם יודישע אינטעלליגענט, אלס מענש, וועלכער זוכט לײדער אזעלכעס נאר אין פרעמדע ליטעראטורען און ערוויטערט זיך אויף אזא אופן פון זיין אייגענער ליטעראטור און פאלק.

זייענדיג פון דער מיינונג, אז יעדעס פאלק, ווי רייך עס זאל ניט זיין אין גייסטיגע קרעפטען, מוז בלייבען שטעהן אויף איין ארט אדער צוריקגעהן, ווען עס פערשליעסט זיך און לעבט אבגעזונדערט אין איהר אייגענער וועלט, וועט

## דאס יודישע ווארט

יך אינטערעסירען מיט יענע פראגרעסיווע שטרעמונגען און שטרעבונגען, וואס האבען ניט נאר איין יודישען נאר אויך אנ'אללגעמיינעם כאראקטער. אין „דאס יודישע ווארט" וועט דער לעזער איממער געפינען דאס לעצטע ווארט יפון דער געבילדעטער און פארשריטליכער וועלט.

בעטראכטענדיג די יודישע פרוי, אלס גרויסע מאראלישע קראפט אין דעם מאדערנעם יודענטהום, וועט „דאס יודישע ווארט" פיעל פלאץ שענקען פיר ארטיקלען, וואס וועלען די יודישע פרוי בעלעהרען, בעפרייען און בעוואוסט מאכען. דרין וועלען נעמען אויך איינטהייל פיעל בענאכטע יודישע און אללגעמיינע שריפטשטעללער-פרויען.

**דאס יודישע ווארט** וועט זיין די נייע צייטשריפט, אויף וועלכער די וואהרע פריינד פון דער יודישער ליטעראטור האבען געווארט און געבעטען. מיר האפען, אז די דאזיגע פריינד וועלען פערשטעהן זייערע פפליכטען און וועלען זיי לויט מעגליכקייט ערפיללען.

די נאהענטסטע מיטארבייטער פון דאס יודישע ווארט זענען:

**שלום אש, בעל־מחשבות, ה. ד. נאמבערג, א. קאראלניק.**







**פרייז פיר רוסלאנד:**

| | | |
|---|---|---|
| יעהרליך | 3.50 | רוב. |
| האלביעהרליך | 1.75 | „ |
| פיערטעליעהרליך | 90 | „ |
| מאנאטליך | 30 | „ |
| איינצלנע נומער | 8 | קאפ. |

**פרייז פיר עסטרייך:**

| | | |
|---|---|---|
| יעהרליך | 8 | קראנען |
| האלביעהרליך | 4 | „ |
| פיערטעליעהרליך | 2 | „ |
| מאנאטליך | 70 | העלער |
| איינצעלנע נומער | 20 | „ |



אין די איבריגע לענדער לויט קורס.

הויפט אנענטור פיר גאנץ רוסלאנד:

**Я. Лидскій. Книгоиздательство „ПРОГРЕСЪ" Варшава, Налевки 32**

פיר גאנץ עסטרייך דייטשלאנד, ענגלאנד און אמעריקא:

**Abraham Reisen, Red. und Admin. Das „Jüdische Wort" Krakau Alte-Weichselgasse 27.**





עס ווערען אנגענומען אבאנענטען פיר יאהר 1905 אויף

## דאס

# יודישעווארט.



בעטראַכטענדיג די שפראך, וועלכע דאס יודישע פֿאלק רעדט שון זייט הונדערטער יאהרען, אלס א טאג-שפראך, האבען די ביזהעריגע הערויסגעבער פֿון יודישע צייטשריפֿטען געקוקט אויף איהר ליטעראטור, ווי נאר אויף א מיטטעל צו מאנכע צוועקען, העכטענס צו אויפֿהייבען דורך איהר די מאססע צו א געוויססער שטופֿפֿע פֿון בילדונג מיט דעם געדאנק, אז ווען די מאססע וועט שוין ערדייכען די געווינשטע שטופֿפֿע, זאל זי איהר ווייטערע ענטוויקלונג און בילדונג זוכען אין איין אנדערער, פֿרעמדער שפראך און ליטעראטור. די יודישע ליטעראטור אלס ציעל אן און פֿיר זיך, האבען די דאָזיגע הערויסגעבער קיינמאל ניט בעטראכט. ניט דא איז דאס ארט צו ערקלערען די אורזאכען פֿון אזא אונבעגרינדליכער בעטראכטונג. מיר ווילען נאר זאגען, אז מיט אזא מין בליק, האבען די הערויסגעבער פֿון די יודישע צייטשריפֿטען קיין ליטעראטור אין פֿולען זינגען פֿונ׳ם ווארט ניט געקענט און ניט געוואלט שאַפֿען.

## דאס יודישע ווארט

איז די ערשטע צייטשריפֿט, וואס זאגט ארויס אָפֿען איהר פֿעסטע איבערצייגונג, אז די שפראך, וואס האט געהייסען ביי די פֿריהערדיגע און ביי מאנכע יעצטיגע הערויסגעבער זשארגאן, — זי איז די יודישע נאציאנאלע שפראך און איהר ליטעראטור בעטראכט זי ניט אלס מיטטעל, נאר אלס ציעל אן און פֿיר זיך.

מיט אזא מיינונג, וואס איז דורכגעפֿיהלט און אויפֿריכטיג, אהן קיין שום וואקלרייען, וועט „דאס יודישע ווארט“ קענען זיין דרייסט, שיין, עהרליך און ערנסט, אהן וואס א ליטעראטור קען קיין קיום ניט האבען.

בעטראכענדיג **די יודישע שפראך אלס נאציאנאל־שפראך**, וועט „**דאס יודישע ווארט**“ זיין בעשטימט ניט נאָר פֿאר א בעוואוסטען טהייל פֿון פֿאלק, נור פֿיר דאס גאנצע יודישע פֿאלק, וואס רעדט און פֿערשטעהט יודיש.

דעריבער וועט „דאס יודישע ווארט“ ניט בעגרענצען זיך, ווי די ביזהעריגע צייטשריפֿטען, נאר מיט אזוינע ארטיקלען, וואס האבען איין אינטערעס פֿיר וויינינ ענטוויקעלטע לעזער.